יוֹסֵף מַאגִילְנִיצְקִי'ס
„פֶערְלַאג לְבָתֵּי סֵפֶר וְלָעָם".

# פָאלְשְׁטֶענְדִיגֶער
# לִינֶיעֶן-סִדוּר
## לְבָתֵּי־סֵפֶר וְלָעָם

---

### אַלֶע תְּפִלּוֹת כְּסֵדֶר פִּיר אַ גַאנְץ יָאהְר

אִיבֶּערְזֶעטְצְט וָוארְט־בַּיי־וָוארְט אִין נַייעֶם לִינְיֶען־סִיסְטֶעם
פִּיר יֶעדֶע אִידִישֶׁע הויז, חֲדָרִים און בָּתֵּי סֵפֶר.

---

מִיט אָרִיגִינֶעלֶע און בֶּעלֶעהְרֶענְדֶע קוּנְסְט בִּילְדֶער און מוּזִיק.

---

מִיט וִויכְטִיגֶע בֶּעמֶערְקוּנְגֶען און סְפֶּעצְיֶעלֶע סִמָּנִים,
דוּרְךְ וֶועלְכֶע יֶעדֶער קֶען וִויסֶען וואו עֶס אִיז אַ שְׁוָא נָח, און וואו עֶס אִיז אַ שְׁוָא נָע.
— עֶרְשְׁטֶער טְהֵייל —

### אַלֶע תְּפִלּוֹת פִּיר וָואכֶען־טֶעג כְּסֵדֶר אוֹיפ'ן אָרט.

---



—פֶערְלַאג און דְרוּק פוּן—
יוֹסֵף מַאגִילְנִיצְקִי, 708 סוּיטְה 5טֶע סְטְרִיט.
פִּילַאדֶעלְפִיאַ, פּא.

צְוֵויטֶע, פֶערְבֶּעסֶערְטֶע אוֹיפְלַאגֶע.

# תוכן החלק הראשון.

## אינהאלט־פערצייכניס פון ערשטען טהייל.



דעם אינהאלט פערצייכניס פון די
תפלות פיר שבת, יום טוב און ראש חודש
עה ווייטער אין צווייטען טהייל.



# פָּארְרֶעדֶע.

**אוּנְזֶערֶע דְרַיי פֶּערְשִׁיעדֶענֶע סְדוּרִים.**

מעהר אלס זעקס יאָהר האב איך שווער געארבייט, אונטער די ערגסטע אומ-שטענדען, ארויסצוגעבען דריי פערשיעדענע סדורים, צוויי פון זייא מיט א ווערטערליכער איבערזעצונג אין ל י נ י ע ן ס י ס ט ע ם, איינעם מיט ענגלישער און איינעם מיט אידישער איבערזעטצונג, און א דריטען אָהן איבערזעטצונג. אלע דריי סדורים ענטהאלטען דיזעלבע חדושים און העכסט ניטצליכע מעלות, און נור מיט דער איבערזעטצונג אונטערשיידען זיך די צוויי סדורים פון דעם דריטען; ן וועגען דיזע אלע דריי סדורים, פיר וועלכע איך האב ניט נור געשריבען יעדעס ווארט, אויסער דעם טעקסט, נדערן איך האָב אויך געזארגט און פיעל אויסגעליטען פון דעם גאנצען טעכנישען פראָצעס פון זעטצען די יפט ביז זיי זיינען פערטיג געווארען צום פערקויף, ווי ל איך דאָ יעצט ריידען. און פיללייכט פיעל דען, וויל איך הויפטזעכליך פון יענעם טהייל ארבייט, אין וועלכען עס שטעקט וויניגער, אדער גאר קיין לות, דאפיר אבער גרויס ניטצליכקייט, וויא עס וועלען עס פערשטעהן לעהרער און פאך-מענער.

---

**צוּ וָואס מֶען הָאט גֶעבְּרוֹיכְט אַ סְדוּר אַמָאל?**

עס איז אמאָל געווען א צייט אין אונזער אלטער היימאטה, ווען דאס דאַוונען פאר דעם עסען איז געווען פונקט אזוי וויכטיג, אדער נאך וויכטיגער, ווי דאס עסען נאָך דעם דאַוונען. אין יענע צייטען איז א איד אדער א צעהן־צוועלף יעה־ריגער אינגעל, וואס זאל ניט קענען, וועניגסטענס, די תפלות פיר וואָכען־טעג אויסוויינינג, געווען א זעלטענע ערשיינונג. זאָגאר בעזגראמאָטנע ווייבער, וועלכע געהען יעדען טאג אין שוהל, קענען דעם דאווגען אויסווייניג אין אונזער ...טער היימאָטה. אין יענע לענדער און יענע גיטע צייטען האט מען פיר אונז געמאכט א סדור, ניט אז מען זאל ן איהם וויסען ו ו י, ו ו א ס און ו ו ע ן צו דאַוונען. דען וועלכען איד און וועלכעס אידישעס קינד האט מען וואָרטעט צו זיין אזא עם הארץ ניט צו וויסען דיזע זאכען דורך דעם שטענדיגען דאווגען דריי מאל טעגליך? סדור איז נור נייטיג געווען פיר גאנץ קליינע און יונגע קינדער, איידער זיי האבען זיך פון איהם אויסגעלע־נט דעם דאוונען אויף אויסווייניג, אדער פיר עלטערע אידען, וועלכע זיינען מהדר צו דאוונען פון סדור דוקא, א דער דין פאָדערט, אדער גלאט אזוי פון לפנים וועגען און אונטערצוהאפען אמאָל א ווארט, מען זאל ניט ...רקריכען אָן אזייט צוליב זייטיגע מחשבות, וואס חאפען זיך אריין דוקא אין דאוונען.

---

**דִי גְרוֹיסֶע חֶדֶר סְדוּרִים בֶּעוַוייזֶען עֶס.**

מיר דארפען נור עפענען די סדורים מיט דיא משונה'דיג גרויסע און אומגע־לומפערטע אותיות, וועלכע פערקויפען זיך פינף מאל אזויפיעל ווי אלע אנדערע סדורים צוזאמען און וועלכע זיינען ספעציעל געמאכט געווארען פיר דעם חדר, און קוקען אויף זיי ניט מיט די ברילען פון הרגל, זאנדערן מיט אָפענע אויגען, אום זיך צו איבערצייגען, אז מען קען פון זיי ניט וויסען ו ו י, ו ו א ס און ו ו ע ן צו דאוונען פיר ק י י ן צייט פון טאג אדער יאהר. לאָ'מיר ...ונז ניט נאַררען, אפילו אין ווילנא גופא, וואו דיזע גרויסע סדורים זיינען ערפונדען געווארען און וואו ...ער המון עס איז פיללייכט עדעלער אלס אין אירגענד איין אנדער אידישער שטאדט אין די גלות לענדער, ...עפינט זיך אויך אויף יעדען אידען, וואס פערשטעהט יא, פינף אדער פיללייכט צעהן אידען, וועלכע פערשטעהען

קיין העברעאיש. און העברעאישע ראשי תיבות געווים ג״מ; ווי אזוי וואלט אלזא א איד געוואוסט ווי צו דאווענען אם שבת, ווען ער וואלט עס געדארפט ערפאהרען פון דעם חדר סדור. וואו עס שטעהט קיין ווארט פון שבת־דיגען דאווענען ביז נשמת און דארט שטעהט אין העברעאיש: „מתפללין ברוך שאמר עד ישתבח ואח״כ מתחילין כאן”? ווי אזוי וואלט א איד געוואוסט דעם גאנצען יאהר ניט אריינצוזאגען אין שמונה עשרה זכרנו לחיים, מי כמוך, אב הרחמים, וכתוב, בספר חיים, וועלכע זיינען געדרוקט צווישען די אנדערע מהיילען פון שמונה עשרה, וועלכע מען זאגט יא א גאנץ יאהר? אמת, עס שטעהט ביי דער זייט פון דיזע ארטיקלען מיט קליינע אותיות „בעשי״ת”, וועלכעס מיינט „בעשרת ימי תשובה”. ווער קען דאס אבער לעזען העברעאישע ראשי תיבות? אגב וואלטען מיר אויך געוואלט פרעגען, פון וואנען ווייס דאס דער ווילנער איד, ווי צו דאווענען מנחה? אפילו אין דער חדר סדור, וועלכער איז ספעציעל געמאכט געווארען פיר קינדער, איז קיין זכר גיטא פון מנחה און עס געפינט זיך אפילו קיין אנצייכנונג ניט, ווי מען דאווענט מנחה, פון וועלכע שטיקער מנחה איז צוזאמענגעזעצט. און וואו מען געפינט דיזע פערשידענע מהיילען. אין דער חדר סדור ענדיגט זיך מארגען־דאווענען פיר וואכען־טעג מיט „יי לפורקנך סברית” און באלד אויף דער אנדער זייטע פאנגט אן „שיר השירים”. קיין שום בעמערקונג געפינט זיך צווישען דיזע צוויי דערמאהנטע ארטיקלען; אלזא, וואו איז מנחה? אגב וויל איך אייך מאקי פרעגען, פון וואנען ווייסען מיר גאר, אז מיט „יי לפורקנך סברית” ענדיגט זיך תפלת שחרית לחול, און ווען מען זאגט שיר השירים? דער חדר סדור שווייגט אין גאנצען וועגען דעם, פונקט ווי ער דערמאהנט קיין ווארט ניט, אז עס איז דא אזא זאך, ווי תפלת מנחה ביי אידען.

איך דיינק, אז די אנגעפיהרטע ביישפיעלע זיינען גענוגענד צו איבערצייגען, אז אונזערע סדורים זיינען געמאכט געווארען פיר אידען, וואס האבען אהן איהם אויך געוואוסט ווי, וואס און ווען צו דאווענען.

## יעצט האבען זיך געביטען די צייטען.

ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג, מוזען מיר מודה זיין, אז די צייטען האבען זיך געביטען פיר דעם סדור. פונקט ווי פיר אלע זאכען אין דער וועלט. ביי פיעלע, זאגאר אין אונזער אלטער היימאטה, ווערט דאס דאווענען ניט מעהר בעטראכט פיר אזא נויטהווענדיגקייט, ווי דאס עסען; פיעלע קינדער גיבען אב אזא קליינע צייט יעדען טאג צו אידישע למודים אין אלגעמיין און צום סדור איניס בעזאנדערן. אז מען קען בשום אופן ניט ערווארטען, אז זיי זאלען קענען דעם סדור אויף אויסווייניג און וויסען, אהן די הילפע פון סדור, ווי, וואס און ווען צו דאווענען. דאס איז אמת אפילו, ווען מען רעדט פון די, וועלכע גיבען יא אב א געהעריגע צייט פון טאג צו אידישע ענינים, אבער פערברייגענדיג דיזע צייט, מיט רעכט. אויף לערנען העברעאיש און העבערע למודים. קענען זיי דעם גאנצען דאווענען דורכגעהן העכסטענס איין מאל א וואך, און ווען זיי בלייבען שפעטער ניט ביי דאס העברעאיש. וואס זיי האבען געלערנט. און ווילען אמאל דאווענען, ווייסען זיי ליידער ניט וואס און ווי, ווייל פון סדור קענען זיי דאס דורכאויס ניט ערפאהרען.

דאס איז גערעדט פון אונזער יוגענד אין די לענדער, פון וואנען מיר האבען איינגעוואנדערט אין דער נייער וועלט, וואס אנבעטרעפט היר, אין דער נייער גלות וועלט, שטעהט די זאכע זייער שוידערליך. די גרעסטע מהייל פון די יעניגע קינדער, וועמען עס איז יא געלונגען זיך אויסצולערנען גוטע אדער שלעכטע עברי, ווייסען דאך ניט ווי מען דאווענט. ווען זיי פערלאזען דעם חדר, ווייל נייניציג פראצענט פון זיי האבען עס אויך אין חדר ניט געוואוסט, כאטש דער רבי האט פיעל צייט פערבראכט זיי עס איינצושפריצען, און די, וואס האבען עס יא געוואוסט זייענדיג אין חדר, האבען עס פערגעסען, ווען זיי האבען פערלאזען דעם חדר און ניט געדאווענט פיר א געוויסע צייט.

## די שולד געווארפען אויף אונשולדיגע.

עלטערן, וועלכע זעהען די שלעכטע פאלגען און ווייסען ניט ווי עס צו העלפען שילטען קאלאמבוס׳ן מיט׳ן רבי׳ן און זייערע קינדער צוזאמען, ווען זיי זעהען, אז זייערע קינדער זאגען ויתן לך אם פרייטאג־צו־נאכט און לכו נרננה אם שבת־צו־נאכט, גאר ניט וויסענדיג. אז כמעט אין אלע פעלע זיינען זיי ביידע ניט שולדיג, און שולדיג אין דעם איז נור דער סדור, וועלכער איז געמאכט געווארען ניט לויט היינטיגע אומשטענדען, זאנדערן לויט די אומשטענדען פון די פריהעריגע דורות. דער פערלאנג פון עלטערן, וואס ווילען, אז זייערע קינדער זאהלען וויסען ווי, וואס, און ווען צו דאווענען, האט ביז יעצט נור געפיהרט דאצו, אז א חעלפט פון די גאנץ קורצע צייט, וואס ווערט אבגעגעבען אויף לערנען אידישקייט, זאל פערניכטעט ווערען

## III.

אָהן אירגענד וועלכע נוטצען אדער ערפאלג, נעמליך, „גוטע מלמדים“ האבען זיך געפונען געצוואונגען אויס־צוארבייטען א גאנצען שטודיום פיר א קינד צו לערנען, ווי צו דאווגען מנחה אדער מעריב, און א העלפט פון די ווערטהפאלע צייט ווערט אויף דעם פערבראכט. אלס לעהרער, וועלכער איז רייך מיט א זעכצעהן־יעהריגע ערפאהרונג אין דיזער „קונסט“, קען איך עדות זאגען, אז נאך אלע שטודיומס וויסען ניט ניינציג פראצענט פון היגע קינדער ווי, וואס און ווען צו דאווגען זאגאר אין חדר גופא, און נאכדעם ווי זיי פערלאזען דעם חדר פערגעסען אויך די צעהן פון הונדערט, אויב זיי דאווגען ניט דריי מאל טעגליך, ווי עס איז. ליידער. דער פאל מוז זיין און ניינציג פון הונדערט, וועלכע דאווגען נור „ביי א געלעגענהייט“ און דאן ווייסען זיי ניט וואו איין און וואו אויס אין סדור. שטעלט אייך פאָר, 25 אדער 50 תלמידים, יעדער איינער מיט איין אנדער כאַרט סדור, דאווגען מנחה, און דער לעהרער דארף פיר יעדען בעזונדער אויפמישען יעדע מינוט איין אַנדער טהייל פון מנחה, דאָ אשרי, דאָ שמונה עשרה, וויאמר דוד און עלינו, אדער ער דארף אַליין מיטאָגען אויפ׳ן קאָפּ, אויף וועלכען בלאַט יעדער פון די גענאַנטע טהיילען מנחה געפינט זיך אין די פערשיעדענע סאָרטען סדורים, אום דאפון מיטצוטהיילען יעדען תלמיד בעזונדער, לויט ווי עס פאַסט פיר זיין סדור. שטעלט אייך פאָר דעם מישמאַש, די סימטאַכאַ, די אינאָרדנונג און אונגעהייערן צייט־פערלוסט, וואָס אַזעלכע סדורים פעראורזאַכען אין חדר, און איהר וועט וויסען אויף וואס די טהייערע צייט פון אייערע קינדער געהט אוועק, און ווארום זיי קומען ניט פאָרווערטס אין עטוואָס העכערעס אלס דער סדור, וועה ענד אין סדור אליין בלייבען זיי א־־־ט געוואוכט, וואו אַ תפלה הייבט זיך אָן און וואו זי ענדיגט זיך. שטעלט זיך פאָר דעם צער און פערדרוס פון אייער לעהרער, דיזעלבע צרות דורכצולעבען יעדען טאג או׳ זיך צו געפינען הילפלאָז עטוואָס אויפצוטהאָן מיט זיינע תלמידים, ווי ער און איהר ווינשט, און איהר וועט איהם שטארק בעדויערען, אַנשטאַט איהם אונגערעכטער ווייזע צו בעשולדיגען!

---

## דֶער סִדוּר

## וִוי עֶר דַארְף זַיין

## הַיינְט.

אבער, ווארום זאלען מיר ניט איינזעהן, אז אנשטאט צו שילטען קאלומבוס׳ן און צו צווינגען די לעהרער, אז זיי זאלען פערברייגגען דאס ביסעל טהייערע צייט אין אזא נארישען, נוטצלאזען שטודיום, זאלען מיר בעסער זעהן צו פארדערן אַזאַ סדור, וואס זאל זיין ניט „ווי דער סדור איז פון אמאָל“. זאנדערן „ווי דער סדור דארף זיין היינט“. אויב מיר ווילען, אז אונזערע קינדער זאלען דאווגען מנחה, ווארום זאלען מיר קויפען דוקא אזא סדור, וואו עס איז גאר קיין זכר ניטא פון מנחה און מיר זאלען צווינגען אונזערע לעהרער צו האקען אונזערע קינדער אין קאָפּ. אז מנחה דאווענט מען: א ש ר י אויף זייטע 42, שמונה עשרה, זייטע 59, ויאמר דוד, זייטע 80 און דאבויי נאך איהם אויסלערנען, אז יי א ל ה י י ש ר א ל זאגט מען צו מנחה ניט, און דאן זאגט מען ש ו מ ר י ש ר א ל און מען ענדיגט מיט ע ל י נ ו אויף זייטע 80. זאגט, אדרבא, קענט איהר ערווארטען, אז זאגאר מנחה אליין זאל ער זיך אויס־לערנען צו דאווגען, וועהרענד, אז דאס וואס ער דארף אויסלערנען פיר מנחה, דארף ער אויך אויסלערנען ביי אלע אנדערע תפלות און ווען ער ווייס שוין, אז מען זאגט שמונה עשרה צו מנחה אדער מעריב. דאן, ווען איהר וועט זיך צוהערען, וועט איהר איהם הערען זאגענדיג א גאנץ יאהר זכרנו לחיים, מי כמוך אב הרחמים, וכתוב בספר חיים און אויך יעלה ויבוא און על הנסים. עס מאכט ניט אויס וויפיעל מאהל דער לעהרער האט איהם גע־האקט אין קאָפּ וועגען דעם, ווען מען זאגט דיזע אלע זאכען יא, און ווען מען זאגט זיי ניט. וואלט ניט פיעל גלייכער געווען, אז אויב א איד דארף דאווגען מנחה, זאל עס שטעהן אין סדור פאלשטענדיג. פון ערשטען ווארט ביז׳ן לעצטען, און אלעס. וואס מען זאגט ניט יעדען טאג אין יאהר, זאל קומען געדרוקט אונטער א דייטליכען שטריך, און אינווייניג ביי דעם פראטין, וואו מען דארף עס מאנכעס מאל יא זאגען, זאל שטעהן ערקלעהרט אזוי געגוי און דייטליך אין א ש פ ר א כ ע, וואס ד אס ק י נ ד פ ע ר ש ט ע ה ט. אזוי, אז זיי זאלען וויסען צו יעדער צייט. ווען זיי וועלען א מאל וועלען דאווגען, צוליב אירגענד וועלכע אורזאכע. אין פריידען אדער ח״ו אין ליידען, ווי, וואס און ווען צו דאווגען? איז דאס דען געגען אידישען דין? אי וואס אזא סדור וועט קאסטען מיט א פאאר גראשען מעהר און ער וועט ניט קענען זיין געדרוקט אין אזעלכע ווילדע, אומגעלומפערטע קדוש־לבנה אותיות, וועלכע מען זעהט ניט ביי קיין אומה ולשון, אים מען מען זאל איהם ניט דארפען פיהרען מיט א וואגען, מאַ וואס איז דער אונגליק אזוי גרויס? איז דען אונזער סדור געמאכט געווארען פיר ווילדע, אז ער מוז אויסקוקען אזוי לעכערליך? און אַרעס ווערען פון די פאאר פרוטות, וואס א סדור, וואו אלע תפלות זאלען קומען פאלשטענדיג און אלעס זאל זיין פערשטענדליך, דארף קאָסטען טהייערער, קענען מיר געוויס ניט. וועהרענד מיר זיינען רייך גענוג ארויסצואווארפען אונגעהייערע פערמעגענס אויף האקען אונזערע קינדער אין קאפ ו ו י, ו ו א ס און ו ו ע ן צו דאווגען. אָהן ערפאלג.

---

## די וויכטיגקייט פון די איבערזעטצטע סדורים.

איך דיינק, אז מיינע צוויי איבערזעטצטע סדורים זיינען זעהר וויכטיג, וואיל זיי גיבען יעדען איינעם די מעגליכקייט צו פערשטעהן די בעדייטונג פון די תפלות, ווי דער דין און דער מענשליכער פערשטאנד פאדערן. נאך וויכטיגער אבער זיינען זיי, וויל זיי גיבען דעם פערנינפטיגען לעהרער די מעגליכקייט אבצוגעבען דעם למוד פון די תפלות דעם פלאטץ, וואס ער פערדינט צו האבען אין חדר. פון שטאנד־פונקט פון לערנען העברעאיש, זייען די תפלית פונקט אזוי וויכטיג ווי דער תנ״ך, וועהרענד א גרויסער טהייל פון סדור איז אי גרינגער צו איבערזעטצען, אי עס ענטהאלט זאכען, וואס אפעלירען בעסער צום קינד׳ס הארץ. אם וויכטיגסטען איז אבער פאלגענדער פאקט: זאגאר אין רוססלאנד און אין די יעצטיגע צייט, וועלכע איז בעריהמט מיט דעם אויפלעבען פון דער העברעאישען שפראכע, זייען דא ניין אויף יעדע צעהן קינדער, וואס קומען קיין מאל ניט צו דער שטופע צו פערשטעהן העברעאיש, אדער זיי פערגעסען עס פריהער אדער שפעטער, נאכדעם ווי זיי פערלאזען דעם חדר, און אין חדר גופא געדיינקען קינדער אויך ניט לאנג דאס געלערענטע חומש אדער נ״ך, וויל מען דארף עס שטענדיג ווידערהאלען, צו וועלכעם עס פעהלט זיי דער וואונש אדער די צייט. ווען עס זאל זיי אבער איין מאל געלינגען אויסצולערנען די איבערזעטצונג פון די תפלות, דאן ווידערהאלען זיי ניט ווילענדיג די איבערזעטצונג פון דאווענען יעדעס מאל ווען זיי דאווענען, דען עס איז אונמעגליך צו פערשטעהן דעם פרוש המלות און ניט אפטמאל צו דיינקען דאריבער ביים דאווענען, און פאלגליך וועלען זיי געדיינקען די איבערזעטצונג אזוי לאנג ווי זיי וועלען כאטש זעלטען דאווענען.

---

## בעסער אלס א סדור מיט 100 פרושים.

אויפ׳ן דעקעל פון מאנכע פון מיינע סדורים האב איך ארויפגעשטעלט די ווערטער „בעסער אלס״ מיט קליינע שריפט, און „א סדור מיט 100 פרושים״ מיט גאנץ גרויסע שריפט. דארויף האט מיר אויפמערקזאם געמאכט מיין פריינד, מר. י. זעווין, איינער פון די רעדאקטערע פון דעם „אידישען טאגעבלאטט״ פון ניו יארק, אז אזעלכע ביזנעס מעטהאדען פאסען ניט פיר אזא ערנסטען ספר ווי א סדור. מיין אנטווארט איז: אויסער, וואס עס איז כמעט אונמעגליך צו ציהען די אויפמערקזאמקייט פון א אידען צו א סדור אדער הגדה, וואס האט ווייניגער אלס 100 פרושים, איז מיין סדור עס ווירקליך. דען ווייסט איהר ווי די הגדה מיט 130 פרושים איז געמאכט? א פרוש אויף הא לחמא, א פרוש אויף מה נשתנה, א פרוש אויף עבדים היינו א. ז. וו. און גאנץ אפט איז דער פרוש בלויז אויף איין ווארט. פון דיזע זאכען, און פון די גאנצע 130 פרושים קען מען נאך אלץ ניט צוזאמענשטעלען איין איינציגען גוטען אדער שלעכטען פרוש אויף די גאנצע הגדה. מיין סדור, וואו אלעס איז איבערזעטצט, זאגאר די צעהנדליגע שטיקער, וועלכע זיינען אין קיין סדור איבערזעטצט, ווי: אלעס, וואס געהערט צו הנחת תפלין, קטורת, איזהו מקומן, ברייתא דר׳ ישמעאל, קדיש, א. ז. וו. איז דארום בערעכטיגט צו האבען דעם אויפשריפט „א סדור מיט 100 פרושים״, אפילו אהן די ווערטער „בעסער אלס״

יוסף מאגילניצקי. פילאדעלפיא, במדינת אמעריקא, בירח אדר, שני תרס״ח.

---

## מערקט אייך!

יעדען איז בעקאנט די וויכטיגקייט פון לעזען עברי על פי חוקי הרקדוק; בעזאנדערס איז זעהר וויכטיג איינצואיבען קינדער פון פריהעסטען קינדהייט אן אבצוהיטען שוא נח און שוא נע און מלעיל ומלרע. דיזעס פאדערט אבער צו וויסען טהעאריש און פראקטיש אזויפיל כללים, דאס זאגאר א קינד מיט די בעסטע פעהיגקייטען קען עס ניט בעגרייפען. דארום האבען מיר געדרוקט דיזען ספר מיט א ספעציעלען סימן פיר שוא נע, נעמליך: יעדער בוכשטאב מיט א שוא, וועלכער האט פון אויבען א ליגענדען שטריך ווי א פתח, דארף געלעזען ווערען ווי מיט א שוא נע, ד. ה. צוזאמען מיט דעם נעכסטען בוכשטאב, ווי א האלבער סגל; צום בייספיל: קְדְּשָׁנוּ, וּתְנוּמָה, דארפען געלעזען ווערען: קְדְּשָׁנוּ, וּתְנוּמָה, אויסער דעם דארף מען וויסען, אז יעדער שוא אונטער דעם ערשטען אות פון ווארט און יעדער שְׁוָא מֻרְכָּב (צוזאמענגעזעצטער שוא דאס איז ־ ־ ־) איז אויך א שוא נע; צום בייספיל וַאֲנִי וֶאֱהֶה, וְאָנִי.

צום בעצייכנען די ווערטער, אויף וועלכע די נגינה איז מלעיל, האבען מיר בענוטצט דעם איבעראל אנגענומענעם מתג במקום נגינה, ווי: לְפָנֶיךָ, מֶלֶךְ.

## כללים ווי צו שטודירען מאגילניצקי׳ס ליניען־ספרים ערפאלגרייך.

גיט יעדען שילער א קארטעל אדער א גלייכע שטיקעל פאפיר. הייסט זיי דאמיט פערדעקען די איבערזעצונג בלויז ביז די שורה, וועלכע זיי געהען לערנען. הייסט זיי לעזען די שורה העברעאיש און די איבערזעטצונג דארויף זעהר לאנגזאם און פארזיכטיג ביז זיי זיינען אימשטאנדע די איבערזעטצונג צו זאגען אויסווייניג. דאן זאלען זיי ארויפרוקען די קארטעל אום צו פערדעקען די איבערזעטצונג און זאלען 1 מאל לעזען די שורה העברעאיש און איבערזעטצען אויסווייניג. דאן זאלען זיי אראברוקען די קארטעל און איבערלעזען די איבערזעטצונג אינעווייניג, אום זיך צו איבערציייגען אויב זיי האבען ריכטיג איבערזעצט.

ווען זיי געפינען אויס, אז זיי האבען ריכטיג איבערזעצט. דארפען זיי אייניגע מאל איינאיבען די שורה אום צו געדיינקען, און דארפען דאן לערנען די צווייטע און די דריטע שורה אויף דעם זעלבען ארט, ווען זיי לערנען אב א פסוק אדער א האלבען, דארפען זיי געהן ווידערהאלען דעם פסוק, דאס הייסט, זיי דארפען פערדעקען די איבערזעצונג און לעזען יעדע שורה בעזונדער און איבערזעצען אויסווייניג, אבער זיי דארפען ניט אוועג־געהן פון א שורה ביז זיי רוקען ניט אראב די קארטעל, אום נאכדעם צו לעזען די איבערזעצונג אינעווייניג אום צו וויסען אויף זיכער, אויב זיי האבען ריכטיג איבערזעצט אדער ניט.

לְאָבִי הַיָּקָר בָּאֲנָשִׁים

# מַר יְהוּדָה מַאגִילְנִיצְקִי

יְחְיֶה

וּלְאִמִּי הַיְּקָרָה בַּנָּשִׁים

# מָרַת חַיָּה מַאגִילְנִיצְקִי

תִּחְיֶה

מְקֻדָּשׁ

## סֵדֶר הַתְּפִלּוֹת הַזֶּה

בְּרִגְשֵׁי אַהֲבָה וְתוֹדָה

מֵאֵת בְּנָם

## הַמְּתַרְגֵּם וְהַמּוֹצִיא לְאוֹר

בְּרִאשׁוֹן
ה׳ תרס״ו
לַבְּרִיאָה

בַּשְּׁבִיעִי
א׳ תתל״ז
לְגָלוּתֵנוּ

Blessed art Thou, O Lord our God, King of the universe, who hath sanctified us by His commandments and commanded us to put on Tephillin.

## הנחת תפלה של יד.

Благословенъ Ты, Господи, Боже нашъ, Царь вселенной, Который освятилъ насъ Своими повелѣніями и повелѣлъ намъ возлагать Тефиллинъ.



Gelobt seist Du, Ewiger, unser Gott, König der Welt, der uns durch seine Gebote geheiligt und uns verordnet hat anzulegen die Tephillin.

ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם. אשר קדשנו במצותיו וצונו להניח תפלין:

געלויבט ביסטו, עוויגער, אונזער גאָט קעניג דער וועלט,
וועלכער האָט אונז געהייליגט מיט זיינע געבאָטען און געבאָטען צו לייגען תפלין.

And it shall be for a sign upon thy hand, and for frontlets between thy eyes: for by strength of hand the Lord brought us forth out of Egypt.

И да будетъ это знакомъ на рукѣ твоей и начельникомъ между глазами твоими, что рукою крѣпкою вывелъ насъ Господь изъ Египта.

Und so sei es zum Zeichen auf deiner Hand und zum Stirnband zwischen deinen Augen, daß mit starker Hand der Ewige uns ausgeführt aus Mizrajim.

# תְּפִלָּה בְּכַוָּנָה.



וְהָיָה לְאוֹת עַל יָדְכָה וּלְטוֹטָפֹת בֵּין עֵינֶיךָ. כִּי בְּחֹזֶק יָד הוֹצִיאָנוּ יְיָ מִמִּצְרָיִם:

און עס זאל זיין פאר א צייכן אויף דיין האנד און פאר טאטאפות
צווישען דיינע אויגען, ווייל מיט א שטארקע האנד האט דער האר אונז ארויסגעפירט פון מצרים

# סדר השכמת הבקר.

## דִי אָרְדְנוּנְג פוּן אוֹיפְשְׁטֶעהְן אַם מָארְגֶען.

בהקיץ האדם בבקר משנתו ובעודנו על משכבו יאמר זאת:

ווען דער מענש שטעהט אויף אם מארגען פון שלאף, און ווען ער איז נאך אויף זיין געלעגער, זאל ער זאגען דיזעס:

מוֹדֶה אֲנִי — אִיךְ דַאנְק
לְפָנֶיךָ — פָאר דִיר,
מֶלֶךְ — קֶענִיג,
חַי — לֶעבֶּענְדֶער
וְקַיָּם — אוּן [1]אִימֶערעֶקְסִיסְטִירֶענְדֶער,
שֶׁהֶחֱזַרְתָּ — דַאס דוּ הָסְט צוּרִיק גֶעקֶערְט
בִּי — אִין מִיר
נִשְׁמָתִי — מַיין זֶעעלֶע
בְּחֶמְלָה. — [2]מִיט בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט;
רַבָּה — גְרוֹיס אִיא
אֱמוּנָתֶךָ: — דַיין טְרַייהַייט.

אחרי רחצו את ידיו יבדוק הציצת של הטלית קטן ויאמר:

נאכדעם ווי ער האט געוואשען זיינע הענד, זאל ער איבערזעהן די ציצת פון דעם טלית קטן, און זאל זאגען:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ — גֶעלוֹיבְּט בִּיסְט'וּ, עֶווִיגֶער,
אֱלֹהֵינוּ — אוּנְזֶער גָאט,
מֶלֶךְ הָעוֹלָם — קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט,
אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ — וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעהֵיילִיגְט
בְּמִצְוֹתָיו — מִיט זַיינֶע גֶעבָּאטֶע
וְצִוָּנוּ — אוּן הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען
עַל מִצְוַת צִיצִת: — וֶוענֶען דַאס גֶעבָּאט פוּן צִיצִת.

יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ — עֶס זָאל זַיין [3]דַיין ווִילֶען,
יְיָ אֱלֹהַי — עֶווִיגֶער, מַיין גָאט,
וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי — אוּן גָאט פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערְן,
שֶׁתְּהֵא חֲשׁוּבָה — דַאס עֶס זָאל זַיין גֶערֶעכֶענְט
מִצְוַת צִיצִת — דַאס גֶעבָּאט פוּן צִיצִת
לְפָנֶיךָ — פָאר דִיר
כְּאִלּוּ קִיַּמְתִּיהָ — אַזוֹי וִוי אִיךְ וָואלְט עֶס עֶרפִילְט
בְּכָל פְּרָטֶיהָ — מִט אַלֶע אִיהְרֶע אֵיינְצֶעלְהַייטֶען
וְדִקְדּוּקֶיהָ — אוּן אִיהְרֶע גֶענוֹיאִיגְקַייטֶען
וְכַוָּנוֹתֶיהָ — אוּן אִיהְרֶע [4]בֶּעדַייטוּנְגֶען
וְתַרְיַ״ג מִצְוֹת — אוּן דִי 613 גֶעבָּאטֶע,
הַתְּלוּיִם בָּהּ. — וֶועלְכֶע הֵיינְגֶען אָן אִיהְר.
אָמֵן סֶלָה: — אָמֵן! סֶלָה!

### דִי אָרְדְנוּנְג פוּן אָנְטָהָאן דֶעם טַלִּית גָּדוֹל.

בעפאר מען טהוט אן דעם טלית גדול זעהט מען איבער די ציצת און מען זאגט:

תהלים ק״ד.

א בָּרְכִי נַפְשִׁי — 1. לוֹיבּ, מַיין זֶעעלֶע,
אֶת יְיָ. — דֶעם עֶווִיגֶען.
יְיָ אֱלֹהַי — עֶווִיגֶער, מַיין גָאט,
גָּדַלְתָּ מְּאֹד. — דוּ בִּיסְט זֶעהְר גְרוֹיס;
הוֹד וְהָדָר — (מִיט) גְלַאנְץ אוּן פְּרַאכְט
לָבָשְׁתָּ: — הָאסְט דוּ זִיךְ בֶּעקְלֵיידֶעט.
ב עֹטֶה — 2. דוּ בֶּעדֶעקְסְט זִיךְ
אוֹר — (מִיט) לִיכְט
כַּשַּׂלְמָה. — וִוי (מִיט) אַ קְלֵייד,
נוֹטֶה שָׁמַיִם — דוּ שְׁפְּרֵייטְסְט אוֹיס דֶעם הִמֶעל
כַּיְרִיעָה: — וִוי אַ פָארְהַאנְג.

הֲרֵינִי מִתְעַטֵּף — אִיךְ וִויקֶעל אַיין
גּוּפִי — מַיין קֶערְפֶּער

1) אונפערענדערליכער; בעשטענדיגער. 2) אויס, דורך. 3) דיין ווילען פון פאר דיר. 4) מיינונגען.

| | |
|---|---|
| [1] בְּצִיצִת | מיט די צִיצִת, |
| כֵּן תִּתְעַטֵּף | אַזוֹי זָאל זִיךְ אַיינְווִיקְלֶען |
| נִשְׁמָתִי | מַיין זֶעלֶע |
| וּרְמַ"ח אֵבָרַי | און מַיינֶע 248 גְלִידֶער |
| וּשְׁסָ"ה גִידַי | און מַיינֶע 365 אָדֶערְן |
| בְּאוֹר הַצִּיצִת | מיט דֶעם לִכְט פון די צִיצִת, |
| הָעוֹלֶה תַרְיַ"ג. | וָאס בֶּעטְרֶעפְט 613.[3] |
| וּכְשֵׁם שֶׁאֲנִי מִתְכַּסֶּה | און אַזוֹי ווי אִיךְ בֶּעדֶעק זִיךְ |
| בְּטַלִּית | מיט אַ טַלִית |
| בָּעוֹלָם הַזֶּה | אויף דִיזֶער וֶועלְט, |
| כַּךְ אֶזְכֶּה | אַזוֹי זָאל אִיךְ וֶוערְטְה זַיין |
| לַחֲלוּקָא דְרַבָּנָן | צוּאַ קְלֵייד פון דִי גֶעלֶעהְרְטֶע |
| וּלְטַלִּית נָאָה | און צוּ אַ שֵׁיינֶעם טַלִית |
| לָעוֹלָם הַבָּא | אין דֶער קוּמֶענְדֶער וֶועלְט |
| בְּגַן עֵדֶן. | אין גַן עֵדֶן. |
| וְעַל יְדֵי מִצְוַת צִיצִת | און דוּרְךְ דַאס גֶבָאט פון צִיצִת |
| תִּנָּצֵל | זָאל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען |
| נַפְשִׁי וְרוּחִי | מַיין זֶעלֶע און מַיין גַייסְט |
| וְנִשְׁמָתִי | און מַיין נְשָׁמָה |
| וּתְפִלָּתִי | און מַיין גֶעבֶּעט |
| מִן הַחִיצוֹנִים. | פון אוֹיסֶערְלִיכֶע (שְׁלֶעכְטֶעס) |
| וְהַטַּלִּית | און דֶער טַלִית |
| יִפְרוֹשׂ | זָאל פֶּערְשְׁפְּרֵייטֶען |
| כְּנָפָיו | זַיינֶע פְלִיגֶלֶען |
| עֲלֵיהֶם | אִיבֶּער זֵיי |
| וְיַצִּילֵם | און עֶר זָאל זֵיי רֶעטֶען |
| כְּנֶשֶׁר | ווי אַיין אָדְלֶער |
| יָעִיר קִנּוֹ | בֶּעוַואכְט זַיין נֶעסְט, |
| עַל גּוֹזָלָיו | אִיבֶּער זַיינֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער |
| יְרַחֵף. | שְׁוֶועבְּט עֶר. |
| וּתְהֵא חֲשׁוּבָה | און עֶס זָאל זַיין גֶערֶעכֶענְט |
| מִצְוַת צִיצִת | דַאס גֶעבָּאט פון צִיצִת |
| לִפְנֵי הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא | פָאר דֶעם הֵיילִיגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז עֶר, |
| כְּאִלּוּ קִיַּמְתִּיהָ | אַזוֹי ווי אִיךְ וָואלְט עֶס עֶרְפִילְט |
| בְּכָל פְּרָטֶיהָ | מִיט אַלֶע אִהְרֶע אֵיינְצֶעלְהַייטֶען |
| וְדִקְדּוּקֶיהָ | און אִיהְרֶע גֶענוֹיאִיגְקֵייטֶען |
| וְכַוָּנוֹתֶיהָ | און אִיהְרֶע בֶּעדַייטוּנְגֶען |
| וְתַרְיַ"ג מִצְוֹת | און דִי 613 גֶעבָאטֶע, |
| הַתְּלוּיִם בָּהּ | וֶועלְכֶע הֵיינְגֶען אָן אִיהְר |
| אָמֵן סֶלָה: | אָמֵן! סֶלָה! |

מען וויקעלט זיך ארום דעם טלית און מען זאגט דיזעס:

| | |
|---|---|
| בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ | גֶעלוֹיבְּט בִּיסְט'ו, עֶווִיגֶער, |
| אֱלֹהֵינוּ | אוּנְזֶער גָאט, |
| מֶלֶךְ הָעוֹלָם. | קֶענִיג פון דֶער וֶועלְט, |
| אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ | וֶועלְכֶער הָט אוּנְז גֶעהֵיילִיגְט |
| בְּמִצְוֹתָיו | מִיט זַיינֶע גֶעבָאטֶע, |
| וְצִוָּנוּ | און הָאט אוּנְז גֶעבָאטֶען |
| [2] לְהִתְעַטֵּף | זִיךְ אַיינְצוּוִויקְלֶען |
| בַּצִּיצִת: | אין דִי צִיצִת. |

תהלים ל"ו

| | |
|---|---|
| ח מַה יָּקָר חַסְדְּךָ | 8. ווִי טְהַייעֶר אִיז דַיין גְנַאדֶע, |
| אֱלֹהִים | גָאט! |
| וּבְנֵי אָדָם. | און דִי מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער |
| בְּצֵל כְּנָפֶיךָ | אין דֶם שָׁטֶען פון דַיינֶע פְלִיגֶלְן |
| יֶחֱסָיוּן: | בֶּעשִׁיצֶען זֵיי זִיךְ. |
| ט יִרְוְיֻן | 9. זֵיי זָאלֶען זִיךְ זֶעטִיגֶען |
| מִדֶּשֶׁן בֵּיתֶךָ. | פון דִי פֶעטְקֵייט פון דַיין הוֹיז, |

1) נוסחת הסידור שריה ורבי עפשטיין היא: בטלית של ציצת כדי לקיים מצות בוראי ככתוב בתורה ועשו להם ציצת על כנפי בגדיהם לדורותם וכשם שאני וכו' כן תיכה נשמתי להתלבש בטלית וכו' בגן עדן אמן. וכל השאר הוא הוספות האחרונים שנתפשט בעולם מעת שנודע הספר שערי ציון. 2) גמרא מנחות מ"ג ע"א. 3) דאס ווארט ציצית (מיט א יוד) בעטרעפט 600 און די 5 קשרים און די 8 חוטים פון די ציצית איז צוזאמען 613. (רש"י מנחות מ"ג ע"ב).

| | |
|---|---|
| וְנַחַל | און (פון) דֶעם טַייךְ |
| עֲדָנֶיךָ | פון דַיינֶע פֶערְגְנִיגֶענְס |
| תַשְׁקֵם׃ | זָאלְסְטוּ זֵיי אָנְטְרִינְקֶען. |
| י כִּי עִמְּךָ | 10. דֶען מִיט דִיר אִיז |
| מְקוֹר חַיִּים | דִי קְוֶועלֶע פון לֶעבֶּען, |
| בְּאוֹרְךָ | [7]אִין דַיין לִיכְט |
| נִרְאֶה אוֹר׃ | זֶעהֶען מִיר לִיכְט. |
| יא מְשֹׁךְ חַסְדְּךָ | 11. זֶעטְץ פָארְט דַיין גְנָאדֶע |
| לְיֹדְעֶיךָ. | צוּ דִי, וָואס ווייסֶען דִיר, |
| וְצִדְקָתְךָ | און דַיין גֶערֶעכְטִיגְקַייט |
| לְיִשְׁרֵי לֵב׃ | צוּ דִי ווָאס הָאבֶּען גֶערֶכְטֶע הֶערְצֶער |

# סדר הנחת תפלין.

## אָרְדְנוּנְג פוּן לֵייגֶען תְּפִלִּין.

בעפאר מען לייגט תפלין זאָגט מען דיזעס:

| | |
|---|---|
| [1]הִנְנִי מְכַוֵּן | אִיךְ בֶּעאַבְּזִיכְטִיג |
| בְּהַנָּחַת תְּפִלִּין | מִיט דֶעם לֵייגֶען תְּפִלִּין |
| לְקַיֵּם | צוּ עֶרְפִילֶען |
| מִצְוַת בּוֹרְאִי | דַס גֶבָּאט פוּן מַיין בֶּשֶׁעפֶער, |
| שֶׁצִּוָּנוּ | וֶועלְכֶער הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען |
| לְהָנִיחַ תְּפִלִּין | צוּ לֵייגֶען תְּפִלִּין, |
| כַּכָּתוּב | ווִי עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען |
| בַּתּוֹרָה. | אִין דֶער תּוֹרָה: |
| [2] וּקְשַׁרְתָּם | און דוּ זָאלְסְט זֵיי אָנְבִּינְדֶען |
| לְאוֹת | אַלְס אַ צֵייכֶען |
| עַל יָדֶךָ. | אוֹיף דַיין הַאנְד[8], |
| וְהָיוּ | און זֵיי זָאלֶען זַיין |
| לְטֹטָפֹת | צוּ שְׁטֶערְן־בֶּענְדֶער |
| בֵּין עֵינֶיךָ׃ | צְווִישֶׁען דַיינֶע אוֹיגֶען.[9] |
| וְהֵם | און זֵיי [10]זַיינֶען |

| | |
|---|---|
| אַרְבַּע פָּרָשִׁיּוֹת אֵלּוּ. | דִיזֶע פִיער אַבְּשְׁנִיטֶען: |

[3] שְׁמַע. [4] וְהָיָה אִם שָׁמֹעַ. [5] קַדֶּשׁ. [6] וְהָיָה כִּי יְבִיאֲךָ.

| | |
|---|---|
| שֶׁיֵּשׁ בָּהֶם | וָואס אִין זֵיי אִיז דָא[11] |
| יִחוּדוֹ וְאַחְדוּתוֹ | זַיין אֵיינְצִיגְקַייט און זַיין אֵיינְהַייט, |
| יִתְבָּרַךְ שְׁמוֹ | גֶעלוֹיבְּט זָאל זַיין זַיין נָאמֶען |
| בָּעוֹלָם | אוֹיף דֶער וֶועלְט, |
| וְשֶׁנִּזְכּוֹר | [12]און וֶועלְכֶע דֶערְמָאנֶען אוּנְז |
| נִסִּים וְנִפְלָאוֹת | וואוּנְדֶער־צֵייכֶען און וואוּנְדֶער, |
| שֶׁעָשָׂה עִמָּנוּ | וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעטְהָאן פַר אוּנְז, |
| בְּהוֹצִיאָנוּ | ווֶען עֶר הָאט אוּנְז אַרוֹיסְגֶעפִירְט |
| מִמִּצְרָיִם. | פוּן מִצְרַיִם, |
| וַאֲשֶׁר לוֹ הַכֹּחַ | און דַאס עֶר הָאט דִי קְרַאפְט |
| וְהַמֶּמְשָׁלָה | און דִי הֶערְשַׁאפְט |
| בָּעֶלְיוֹנִים | אִיבֶּער דִי הֶעכְסְטֶע |
| וּבַתַּחְתּוֹנִים | און אִיבֶּער דִי נִידְרִיגְסְטֶע |
| לַעֲשׂוֹת בָּהֶם | צוּ טְהָאן מִיט זֵיי |
| כִּרְצוֹנוֹ. | נָאךְ זַיין ווִילֶען; |
| וְצִוָּנוּ | אוּ עֶר הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען |
| לְהָנִיחַ | צוּ לֵייגֶען (תְּפִלִּין) |
| עַל הַיָּד | אוֹיף דֶער הַאנְד |
| לְזִכְרוֹן | צוּם אַנְדֵיינְקֶען |
| זְרוֹעַ הַנְּטוּיָה | פוּן דֶם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶם, |
| וְשֶׁהִיא | און דַאס זִי זָאל זַיין |
| נֶגֶד הַלֵּב | גֶעגֶען הַארְצֶען |
| לְשַׁעְבֵּד בָּזֶה | אוּם דַאמִיט [13]אוּנְטֶערְטְהֶענִיג צוּ מַאכֶען |
| תַּאֲוַת | דִי לוּסְט |
| וּמַחְשְׁבוֹת לִבֵּנוּ | און דִי גֶעדַנְקֶען פוּן אוּנְזֶער הַרְצֶן |

1) הנוסחא הזאת באה בסדור של"ה ויש נוסחא אחרת בס' שערי ציון. 2) דברים ו, ח. 3) דברים ו, ד—ט. 4) שם י"א, י"ג—כ"א. 5) שמות י"ג, א—י. 6) שם י"א—ט"ז. 7) דורך. 8) ד.ה. תפלין של יד. 9) ד.ה. תפלין של ראש. 10) בעשטעהען. 11) ד.ה. אין זיי ווערט ערקלערט. 12) ווערטערליך: און דאס מיר זאלען געדיינקען. 13) אינטערוואַרפען.

לַעֲבוֹדָתוֹ צו זַיין דינְסְט,
יִתְבָּרַךְ שְׁמוֹ. געלויבּט זָאל זַיין זַיין נָאמֶען
וְעַל הָרֹאשׁ אין אויף'ן קָאפּ
נֶגֶד הַמּוֹחַ געגען די מאַרְךְ,
שֶׁהַנְּשָׁמָה דאס די זֶעלֶע,
שֶׁבְּמוֹחִי וועלכֶע איז אין מיינע מאַרְךְ,
עִם שְׁאָר חוּשַׁי מיט מַיינֶע איבּריגע גֶפִיהלֶען
וְכֹחוֹתַי און מַיינֶע קְרֶעפְטֶען,
כֻּלָּם זיי אַלֶע
יִהְיוּ מְשֻׁעְבָּדִים זָאלֶען זַיין אונטערטהעניג
לַעֲבֹדָתוֹ צו זַיין דינסט,
יִתְבָּרַךְ שְׁמוֹ. געלויבּט זָאל זַיין זַיין נָאמֶען.
וּמִשֶּׁפַע און פון דעם איינפלוס
מִצְוַת תְּפִלִּין פון דעם געבּאט פון תפלין
יִתְמַשֵּׁךְ עָלַי זָאל זיך אַרופּציהען אויף מיר,
לִהְיוֹת לִי דאס איך זָאל הָאבּען
חַיִּים אֲרוּכִּים לאַנגעס לעבען
וְשֶׁפַע קֹדֶשׁ און אַ היילִיגען איינפלוס
וּמַחֲשָׁבוֹת קְדוֹשׁוֹת און היילִיגֶע גֶעדאַנְקֶען,
בְּלִי הִרְהוּר חֵטְא וְעָוֹן כְּלָל. גאר אָהנֶע צו טראַכטען פון זינד און פערברעכען,
וְשֶׁלֹּא יְפַתֵּנוּ און דַם אונז זָל ניט אָנְרֶעדען
וְלֹא יִתְגָּרֶה בָּנוּ און אונז זָאל ניט אָנְרייצען
יֵצֶר הָרַע דער שְׁלעכטער געדאַנְקען,
וְיַנִּיחֵנוּ און ער זָאל אונז לאַזען
לַעֲבוֹד אֶת יְיָ דינען דעם אייגען
כַּאֲשֶׁר עִם לְבָבֵנוּ: אַזוֹי ווי עס איז אונזער הַרְצֶען.
וִיהִי רָצוֹן און עס זָאל זַיין דער ווילען

מִלְּפָנֶיךָ פון פָאר דיר,
יְיָ אֱלֹהֵינוּ עֶוויגֶער, אונזער גָאט,
וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ און גָאט פון אונזערע עֶלְטֶערְן,
שֶׁתְּהֵא חֲשׁוּבָה דאס עס זָאל זַיין גֶרעכֶענְט
מִצְוַת דאס גֶעבָאט
הֲנָחַת תְּפִלִּין פון לייגען תפלין
לִפְנֵי הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא פָאר דעם היילִיגֶען, געלויבּט איז ער,
כְּאִלּוּ קִיַּמְתִּיהָ אַזוֹי ווי איך וָלט עס ערפילט
בְּכָל פְּרָטֶיהָ מיט אַלֶע אִהרֶע איינְצֶלְהַייטֶען
וְדִקְדּוּקֶיהָ און אִיהרֶע גענויאיגקייטֶען
וְכַוָּנוֹתֶיהָ און אִיהרע בֶּעדַייטוּנְגֶען
וְתַרְיַ"ג מִצְוֹת און די 613 גֶעבָאטֶע,
הַתְּלוּיִם בָּהּ. וועלכע הענגען אָן איהר.
אָמֵן סֶלָה: אָמֵן! סֶלָה!

מען נעהמט די תְּפִלָּה שֶׁל יַד און מען טהוט עס אן אויף דעם לינקען ארם אויף דעם פלאטץ. וואו דאס פלייש איז הויך. און בעפאר מען פערקניפט דעם קשר זאגט מען דיזע ברכה:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ גֶעלויבּט בִּיסְט'ו, עֶווּיגֶער,
אֱלֹהֵינוּ אונזֶער גָאט,
מֶלֶךְ הָעוֹלָם. קעניג פון דער וועלט,
אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ וועלכער הָט אונז גֶעהייליגט
בְּמִצְוֹתָיו מיט זַיינֶע גֶעבָאטֶע,
וְצִוָּנוּ און הָאט אונז גֶעבָאטֶען
[1] לְהָנִיחַ תְּפִלִּין: צו לייגֶען תפלין.

גלייך נאכדעם ווי עס מען ארום זיבען כריכות אויף האנד און דאן לייגט מען די תְּפִלָּה שֶׁל רֹאשׁ, און בעפאר מען דריקט אראב דעם קשר אויף זיין ארט זאגט מען דיזע ברכה:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ גֶעלויבּט בִּיסְט'ו, עֶוויגֶער,
אֱלֹהֵינוּ אונזֶער גָאט,

1) ברכות ס' ע"ב. מנחות ד' ע"א ט"ב ע"ב ותנחומא כי תבא. עיין בהרא"ש לפסחים פרק א' אות י' מלת לְהָנִיחַ נקדנו בסדורנו בקמץ וכפירש"י ביאור ברכת הנות ויפה באו"ח סי' כ"ה אולם והר גבין דנקד לְהַנִּיחַ משרש ינח כי הוראת השרש הזה כמו שנמצא בתנ"ך הוא להשאיר הדבר במנוחתו ... הוא פערלאזען ... וכן נקד הרב ... בספרו ... ש"ו האבען א ווירקונג.

מֶלֶךְ הָעוֹלָם. קֶענִיג פוּן דֶער וֶועלְט,
אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ וֶועלְכֶער הָט אוּנְז גֶעהֵיילִיגְט
בְּמִצְוֹתָיו מִיט זַיינֶע גֶעבָּאטֶע,
וְצִוָּנוּ אוּן הָאט אוּנְז גֶעבָּאטֶען
עַל מִצְוַת תְּפִלִּין: וֶוגֶען דֶם גֶעבָּאט פוּן תְּפִלִּין.

באלד נאכדעם זאגט מען:

בָּרוּךְ גֶעלוֹיבְּט אִיז
שֵׁם דֶער נָאמֶען
כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ פוּן זַיין הֶערְלִיכֶען קֶענִיגְרַייךְ
לְעוֹלָם וָעֶד: אוֹיף אֵימֶער אוּן עֶווִיג.

---

[1] וּמֵחָכְמָתְךָ אוּן פוּן דַיין קְלוּגְהַייט,
אֵל עֶלְיוֹן אַלֶער־הֶעכְסְטֶער גָאט,
תַּאֲצִיל עָלַי. זָלְסְטוּ [5]אַבְּטְהֵלֶען אוֹיף מִיר;
וּמִבִּינָתְךָ אוּן פוּן דַיין פֶערְשְׁטַאנְד
תְּבִינֵנִי. זָלְסְטוּ מִיר גֶעבֶּען פֶּרְשְׁטַאנְד;
וּבְחַסְדְּךָ אוּן מִיט דַיין גְנַאדֶע
תַּגְדִּיל עָלַי. זָלְסְטוּ גְרוֹסֶעס טְהָן פִיר מִיר;
וּבִגְבוּרָתְךָ אוּן מִיט דַיין מַאכְט
תַּצְמִית זָאלְסְטוּ [6]פֶערְנִיכְטֶען
אֹיְבַי וְקָמַי. מַיינֶע פַיְנְדֶע אוּן [7]מַיינֶע גֶגְנֶער;
וְשֶׁמֶן הַטּוֹב אוּן דִי גוּטֶע אֵהל
תָּרִיק זָאלְסְטוּ אַרַיינְגִיסֶען
עַל שִׁבְעָה קְנֵי הַמְּנוֹרָה. אִין דִי זִיבֶּען רֶעהְרֶען פוּן דֶעם לָאמְפּ,
לְהַשְׁפִּיעַ טוּבְךָ אוּם צוּ לָזֶען פְלִיסֶען דַיין גוּטֶס
לִבְרִיּוֹתֶיךָ: צוּ דַיינֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִיסֶען.
[2] פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ. דוּ עֶפֶענְסְט דַיין הַאנְד;
וּמַשְׂבִּיעַ אוּן זֶעטִיגְסְט
לְכָל חַי [8] אַלֶע לֶעבֶעדִיגֶע

רָצוֹן: [8](מִיט) ווִילֶען.

מען וויקעלט ארום מיט דער רצועה דריי כריכות אויפ'ן מיטעלסטען פינגער, און ווערענד מען טהוט עס זאגט מען די פאלגענדע פסוקים:

הושע ב׳, כ״א—כ״ב.

[3] וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי אוּן אִיךְ וֶויל דִיךְ פֶּרְלָבֶּען צוּ מִיר
לְעוֹלָם. אוֹיף עֶווִיג;
וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי אוּן אִךְ וֶויל דִיךְ פֶּרְלָבֶּען צוּ מִיר
בְּצֶדֶק וּבְמִשְׁפָּט מִט גֶרֶכְטִגְקַיְט אוּן מִיט רֶכְט
וּבְחֶסֶד אוּן מִיט גְנַאדֶע
וּבְרַחֲמִים: אוּן מִיט בַּארְמְהֶערְצִיגְקַיְט.
וְאֵרַשְׂתִּיךְ לִי אוּן אִיךְ וֶויל דִיךְ פֶּרְלָבֶּען צוּ מִיר
בֶּאֱמוּנָה. מִיט טְרַייהַייט,
וְיָדַעַתְּ אֶת יְיָ: אוּן דוּ וֶועסְט עֶרְקֶענֶען דֶם עֶווִגֶען.

נאכ'ן לייגען די תפלין זאגט מען פאלגענדע פרשיות:
שמות י״ג, א—ט״ז.

א [4] וַיְדַבֵּר יְיָ אוּן דֶר עֶווִיגֶער הָט גֶרֶעדְט
אֶל מֹשֶׁה צוּ מֹשֶׁה,
לֵּאמֹר: זָאגֶענְדִיג:
ב קַדֶּשׁ לִי 2. מַאךְ הֵיילִיג צוּ מִיר
כָל בְּכוֹר יֶעדֶען עֶרְסְט־גֶבָּארֶענֶעם,
פֶּטֶר כָּל רֶחֶם יֶדֶם ווָס עֶפֶנְט דִי מוּטֶר־לַייבּ[9]
בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל אוּנְטֶער דִי קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
בָּאָדָם וּבַבְּהֵמָה, אוּנְטֶר מֶנְשֶׁן אוּן אוּנְטֶר פִיה;
לִי הוּא: צוּ מִיר גֶעהֶערְט עֶס.
ג וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה 3. אוּן מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט
אֶל הָעָם צוּ דֶעם פָאלְק:
זָכוֹר גֶעדֵיינְקְט
אֶת הַיּוֹם הַזֶּה דִיזֶען טָאג,
אֲשֶׁר יְצָאתֶם וָוס אִיהְר זַיְט אַרוֹיס־גֶגַנְגֶען
מִמִּצְרַיִם פוּן מִצְרַיִם,
מִבֵּית עֲבָדִים פוּן קְנֶעכְט־הוֹיז,

---

1) ומחכמתך תקן ר' משה ארבאז. עיין ספרו היכל הקדש. 2) תהלים קמ״ה ט״ז. 3) אמירת וארשתיך ובן מה יקר חסדך בעטיפת הטלית הנהיג ר' נתן שפירא שהיה אב״ד דקראקא ונפטר בשנת שצ״ג (קצור של״ה דף ל״ו ע״ד ושבט מוסר פ' ל״א). 4) אמירת וידבר הנהיג ר' פייבוש רבו של הב״ח (ב״ח א״ח ס' ל״ה). 5) אבטיילען, ענטנעהמען. 6) פערשניידען. 7) די, וואס שטעהען אויף געגען מיר. 8) דעם פערלאנג פון אלע לעבעדיגע. 9) אזוי ווי כל פטר רחם.

| | |
|---|---|
| כִּי בְּחֹזֶק יָד | דען מיט א שטאַרקע האַנד |
| הוֹצִיא יְיָ אֶתְכֶם | האט דער עוויגער איך אַרויסגעפיהרט |
| מִזֶּה. | פון היר, |
| וְלֹא יֵאָכֵל | און עס זאָל ניט געגעסען ווערן |
| חָמֵץ: | געזייערטעס. |
| ד הַיּוֹם | 4. הייטע |
| אַתֶּם יֹצְאִים. | געהט איהר אַרויס |
| בְּחֹדֶשׁ הָאָבִיב: | אין דעם זאַנגען מאָנאַט[1] |
| ה וְהָיָה | 5. און עס וועט זיין, |
| כִּי יְבִיאֲךָ יְיָ | ווען דער עוויגער וועט דיר ברינגען |
| אֶל אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי | אין דם לאַנד פון דם כנעני, |
| וְהַחִתִּי וְהָאֱמֹרִי | אין דעם חתי און דעם אמרי |
| וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי | און דעם חוי און דעם יבוסי |
| אֲשֶׁר נִשְׁבַּע | וואס ער האט געשוואָרען |
| לַאֲבֹתֶיךָ | צו דיינע עלטערן |
| לָתֶת לָךְ | דיר צו געבען, |
| אֶרֶץ | א לאַנד, |
| זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ. | וואס פליסט מילך און האָניג, |
| וְעָבַדְתָּ | דאַן זאָלסט'ו דינען |
| אֶת הָעֲבֹדָה הַזֹּאת | דיזע דינסט |
| בַּחֹדֶשׁ הַזֶּה: | אין דיזען מאָנאַט. |
| ו שִׁבְעַת יָמִים | 6. זיבען טעג |
| תֹּאכַל | זאָלסט'ו עסען |
| מַצֹּת. | אומגעזייערטע קובענס, |
| וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי | און אויף דעם זיבנטען טאָג |
| חַג לַיְיָ: | זאָל זיין א פייערטאָג צום עוויגען |
| ז מַצּוֹת | 7. אומגעזייערטע קובענס |
| יֵאָכֵל | זאָל געגעסען ווערען |
| אֵת שִׁבְעַת הַיָּמִים. | די זיבען טעג, |
| וְלֹא יֵרָאֶה לְךָ | און עס זאָל ניט געזען ווערן ביי דיר |
| חָמֵץ | געזייערטעס, |
| וְלֹא יֵרָאֶה לְךָ | און עס זאָל ניט געזען ווערן ביי דיר |
| שְׂאֹר | זויער-טייג |
| בְּכָל גְּבֻלֶךָ: | אין דיין גאַנצען גרענעץ. |
| ח וְהִגַּדְתָּ | 8. און דו זאָלסט דערצייהלען |
| לְבִנְךָ | צו דיין זוהן |
| בַּיּוֹם הַהוּא | אין יענעם טאָג, |
| לֵאמֹר. | זאָגענדיג: |
| בַּעֲבוּר זֶה | (איך טהו עס) וועגען דעם, |
| עָשָׂה יְיָ | (וואס) דער עוויגער האט געטאָן |
| לִי | פיר מיר, |
| בְּצֵאתִי | ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען |
| מִמִּצְרָיִם: | פון מצרים. |
| ט וְהָיָה לְךָ | 9. און עס זאָל זיין צו דיר |
| לְאוֹת | פיר א צייכען |
| עַל יָדְךָ | אויף דיין האַנד[2] |
| וּלְזִכָּרוֹן | און צו איין אַנדענקונג |
| בֵּין עֵינֶיךָ | צווישען דיינע אויגען,[3] |
| לְמַעַן תִּהְיֶה | אום עס זאָל זיין |
| תּוֹרַת יְיָ | דעם עוויגען'ס לעהרע |
| בְּפִיךָ. | אין דיין מויל, |
| כִּי בְּיָד חֲזָקָה | דען מיט א שטאַרקע האַנד |
| הוֹצִאֲךָ יְיָ | הט דר עויגר דיר אַרויסגפֿירט |
| מִמִּצְרָיִם: | פון מצרים. |
| י וְשָׁמַרְתָּ | 10. און דו זאָלסט היטען |
| אֶת הַחֻקָּה הַזֹּאת | דיזען געזעץ |
| לְמוֹעֲדָהּ. | צו איהר בעשטימטע צייט |

1) ד. ה. דער מאָנאַט ניסן. 2) ווען די געטריידע איז אין זאַנגען צייטיג. 3) ד. ה. תפלין של יד 4) ד. ה. תפלין של ראש.

| | |
|---|---|
| מִיָּמִים יָמִֽימָה׃ | פון יָאהְר צו יָאהְר. |
| יא וְהָיָה | 11. און עס וועט זיין |
| כִּי יְבִאֲךָ יְיָ | ווען דער עוויגער וועט דיר בּרענגען |
| אֶל אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי | אין דַס לַאנְד פון דעם כְּנַעֲנִי, |
| כַּאֲשֶׁר נִשְׁבַּע לְךָ | ווי ער הָאט גֶעשְׁוואָרען צו דיר |
| וְלַאֲבֹתֶיךָ. | און צו דיינע עלטערן, |
| וּנְתָנָהּ לָךְ׃ | און ער וועט איהר געבען צו דיר; |
| יב וְהַעֲבַרְתָּ | 12. דאַן זָאלְסְט'ו [1]אָבְשֵׁיידען |
| כָל פֶּטֶר רֶחֶם | יֶעדֶס, וָואס עֶפֶנְט די מוטער־לַייב, |
| לַייָ. | צו דעם עוויגען, |
| וְכָל פֶּטֶר שֶׁגֶר בְּהֵמָה | און יעדע עֶרְסְט־גֶעוָואר־פֶענע פון פיה, |
| אֲשֶׁר יִהְיֶה לְךָ | וועלכע דו וועסט האָבען, |
| הַזְּכָרִים | די מֶענְלִיכֶע, |
| לַייָ׃ | (זָאל גֶהערען) צום עוויגען. |
| יג וְכָל פֶּטֶר | 13. און יעדער עֶרְסְט־גֶעבָּרֶענער |
| חֲמֹר | פון איין אייזעל |
| תִּפְדֶּה בְשֶׂה | זָאלְסטו אויסלֶעזען מיט אַ לַאם |
| וְאִם לֹא תִפְדֶּה | און אויב דו ווילסט (איהם) ניט אויסלייזען, |
| וַעֲרַפְתּוֹ. | זָאלסטו איהם בּרעכען דעם [2]גֶנִיק |
| וְכֹל בְּכוֹר | אָבער יעדען עֶרְסְט־גֶעבָּרֶענֶם |
| אָדָם | פון אַ מענשען |
| בְּבָנֶיךָ | אונטער דיינע זיהן |
| תִּפְדֶּה׃ | מוזט'ו אויסלייזען. |
| יד וְהָיָה | 14. און עס וועט זיין, |
| כִּי יִשְׁאָלְךָ בִנְךָ | ווען דיר וועט פרעגען דיין זוהן |
| מָחָר | אין דער צוקונפט,[3] |
| לֵאמֹר | זָאגֶענְדיג: |
| מַה זֹּאת. | וָואס איז דיזעס? |

| | |
|---|---|
| וְאָמַרְתָּ אֵלָיו | דאַן זָאלְסְט'ו זָאגען צו איהם: |
| בְּחֹזֶק יָד | מיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד |
| הוֹצִיאָנוּ יְיָ | הָט דֶר עוויגער אוּנְז אַרוֹיסְגֶעפִיהְרט |
| מִמִּצְרַיִם | פון מִצְרַיִם |
| מִבֵּית עֲבָדִים׃ | פון קְנֶעכְט־הויז. |
| טו וַיְהִי | 15. און עס איז גֶעוֶוען, |
| כִּי הִקְשָׁה פַרְעֹה | ווען פַּרְעֹה איז האַרט גֶעוֶוען |
| לְשַׁלְּחֵנוּ | אונז אַרוֹיס־צושִׁיקֶען, |
| וַיַּהֲרֹג יְיָ | דַן הָט דֶר עוויגער דֶרְשְׁלָאגֶען |
| כָּל בְּכוֹר | יֶעדען עֶרְסְט־גֶעבָּארֶענֶעם |
| בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם | אין דַאס לַאנְד מִצְרַיִם. |
| מִבְּכֹר | פון דֶעם עֶרְסְט־גֶעבָּארֶענֶעם |
| אָדָם | פון מֶענְשֶׁען |
| וְעַד בְּכוֹר בְּהֵמָה. | בִּיז דֶם עֶרְסְט־גֶבָּרֶענֶם פון פִיה, |
| עַל כֵּן אֲנִי זֹבֵחַ | דַארום שְׁלַאכְט איך |
| לַייָ | צום עוויגען |
| כָּל פֶּטֶר רֶחֶם | יֶעדֶס וָוס עֶפֶנְט די מוטֶר לַייב, |
| הַזְּכָרִים | די מֶענְלִיכֶע, |
| וְכָל בְּכוֹר | און יֶעדֶן עֶרְסְט־גֶעבָּארֶענֶם |
| בָּנַי | פון מַיינֶע זִיהְן |
| אֶפְדֶּה׃ | לֵייז איך אוֹיס. |
| טז וְהָיָה | 16. און עס זָאל זַיין |
| לְאוֹת | פיר אַ צייכֶען |
| עַל יָדְכָה | אוֹיף דַיין הַאנְד, |
| וּלְטוֹטָפֹת | און פיר שְׁטֶערְן־בֶּענְדֶער |
| בֵּין עֵינֶיךָ. | צווישֶען דַיינֶע אוֹיגֶען, |
| כִּי בְּחֹזֶק יָד | דֶען מיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד |
| הוֹצִיאָנוּ יְיָ | הָט דֶר עוויגער אוּנְז אַרוֹיסְגֶעפִיהְרט |
| מִמִּצְרָיִם׃ | פון מִצְרַיִם. |

1) איבערפיהרען, אָבגעבען. 2) נאַקען. 3) ווערטערליך: מאָרגען.

# תְּפִלַּת שַׁחֲרִית

## מאָרגֶען גֶעבֶּעט

| | |
|---|---|
| מַה טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ | ווי [1]שיין זיינען דיינע געצעלטען, |
| יַעֲקֹב . | יַעֲקֹב! |
| מִשְׁכְּנֹתֶיךָ | דיינע וואהנונגען, |
| יִשְׂרָאֵל : | יִשְׂרָאֵל! |
| וַאֲנִי | און איך |
| בְּרֹב חַסְדְּךָ | דורך דיין גרויסע גנאדע, |
| אָבוֹא בֵיתֶךָ . | קום איך (אין) דיין הויז, |
| אֶשְׁתַּחֲוֶה | איך [2]בוק זיך |
| אֶל הֵיכַל קָדְשְׁךָ | צו דיין היילינען טעמפעל |
| בְּיִרְאָתֶךָ : | מיט פורכט פאר דיר. |
| יְיָ | עוויגער! |
| אָהַבְתִּי | איך ליב |
| מְעוֹן בֵּיתֶךָ . | דעם וואהנונג פון דיין הויז, |
| וּמְקוֹם מִשְׁכַּן | און דעם וואהנונגס ארט |
| כְּבוֹדֶךָ : | פון דיין עהרע. |
| וַאֲנִי אֶשְׁתַּחֲוֶה | און איך [2]בוק זיך, |
| וְאֶכְרָעָה . | און איך פערנייגע זיך; |
| אֶבְרְכָה | איך קניע זיך |
| לִפְנֵי יְיָ עֹשִׂי : | פאר דעם עוויגען, מיין בעשעפער. |
| וַאֲנִי תְפִלָּתִי | און איך (ריכטע) מיין געבעט |
| לְךָ יְיָ | צו דיר, עוויגער, |
| עֵת רָצוֹן | (אין) צייט פון [3]ווילען; |
| אֱלֹהִים | גאט, |
| בְּרָב חַסְדֶּךָ . | דורך דיין גרויסער גנאדע, |
| עֲנֵנִי | אנטווארט מיר |
| בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ : | מיט דיין וואהרע הילף. |

| | |
|---|---|
| אֲדוֹן עוֹלָם . | (ער איז) דער הערר פון דר וועלט, |
| אֲשֶׁר מָלַךְ | וועלכער האט רעגירט |
| בְּטֶרֶם כָּל יְצִיר | נאך בעפאר יעדע בעשעפענס |
| נִבְרָא : | איז בעשאפען געווארען. |
| לְעֵת | צו דער צייט, |
| נַעֲשָׂה | ווען עס איז געמאכט געווארען |
| בְחֶפְצוֹ | דורך זיין ווילען |
| כֹּל . | אלעס, |
| אֲזַי | [4](איז שוין) דאן |
| מֶלֶךְ | קעניג |
| שְׁמוֹ נִקְרָא : | זיין נאמען גערופען געווארען. |
| וְאַחֲרֵי | און נאכדעם, |
| כִּכְלוֹת הַכֹּל . | ווען אלעס [5]וועט זיך ענדיגען |
| לְבַדּוֹ יִמְלוֹךְ . | וועט אליין רעגירען |
| נוֹרָא : | (דער) פורכטבארער. |
| וְהוּא הָיָה | און ער איז געוועזען, |
| וְהוּא הֹוֶה . | און ער איז (יעצט), |
| וְהוּא יִהְיֶה | און ער וועט זיין |
| בְּתִפְאָרָה : | אין הערליכקייט. |
| וְהוּא אֶחָד | און ער איז איינציג, |
| וְאֵין שֵׁנִי . | און עס איז ניטא קיין צווייטער |
| לְהַמְשִׁיל לוֹ | צו צוגלייכען צו איהם |
| לְהַחְבִּירָה : | אום צו פערבינדען (מיט אהם) |
| בְּלִי רֵאשִׁית | (ער איז) אהן איין אנפאנג, |
| בְּלִי תַכְלִית . | אהן איין ענדע, |
| וְלוֹ הָעֹז | און ער האט די מאכט |
| וְהַמִּשְׂרָה : | און די הערשאפט |

1) שעהן. 2) פערנייגען. 3) גנאדע. 4) דאן איז קעניג א. ז. וו. 5) וועט אונטערגעהן.

| | |
|---|---|
| וְהוּא אֵלִי | און ער איז מיין גאָט, |
| וְחַי גֹּאֲלִי, | [1]און מיין לעבּענדער ערלייזער |
| וְצוּר חֶבְלִי | [2]און אַ פעלז (אין) מַיין ליידען |
| בְּעֵת צָרָה: | אין דער צייט פון נויטה. |
| וְהוּא נִסִּי | און ער איז מַיין [3]פּאַניר |
| וּמָנוֹס לִי | און אַ [4]צופלוכט פיר מיר. |
| מְנָת כּוֹסִי | דאס אַנטהייל פון מיין [5]בעכער |
| בְּיוֹם אֶקְרָא: | אין דעם טאָג (ווען) איך רוף. |
| בְּיָדוֹ | אין זַיין האַנד |
| אַפְקִיד רוּחִי | גיב איך איבּער מַיין גייסט, |
| בְּעֵת אִישַׁן | אין דער צייט ווען איך שלאָף, |
| וְאָעִירָה: | און ווען איך ערוואַך. |
| וְעִם רוּחִי | און מיט מַיין גייסט |
| גְּוִיָּתִי | (גב איך איבר אויך) מיין קערפּער. |
| יְיָ לִי | דער עווינער איז מיט מיר, |
| וְלֹא אִירָא: | און איך פירכטע ניט. |

# יגדל

| | |
|---|---|
| יִגְדַּל | [6]גענרויסט זאָל ווערען |
| אֱלֹהִים חַי | דער לעבּענדער גאָט, |
| וְיִשְׁתַּבַּח | און [7]ער זאָל געלויבּט ווערען; |
| נִמְצָא | ער עקסיסטירט, |
| וְאֵין עֵת | און עס איז ניטאָ קיין צייט |
| אֶל מְצִיאוּתוֹ: | צו זַיין עקסיסטענץ.[8] |
| אֶחָד | ער איז איינציג, |
| וְאֵין יָחִיד | און עס איז ניטאָ קיין [9]איינהייט |
| כְּיִחוּדוֹ | ווי זַיין איינהייט; |
| נֶעְלָם | ער איז [10]פערהוילען, |
| וְגַם אֵין סוֹף | און עס איז אויך קיין ענדע דא |
| לְאַחְדוּתוֹ: | צו זַיין איינהייט. |
| אֵין לוֹ דְמוּת הַגּוּף | ער האט קיין געשטאַלט פון אַ קערפּער. |
| וְאֵינוֹ גוּף | און ער איז קיין קערפּער; |
| לֹא נַעֲרוֹךְ אֵלָיו | [11]מיר קענען ניט אָבּשאַטצען |
| קְדֻשָּׁתוֹ: | זַיין היילינקַייט. |
| קַדְמוֹן | ער איז פריהער |
| לְכָל דָּבָר | פון יעדע זאַך, |
| אֲשֶׁר נִבְרָא | וועלכע איז בעשאַפען געוואָרען; |
| רִאשׁוֹן | ער איז דער ערשטער, |
| וְאֵין רֵאשִׁית | אבער עס איז ניטאָ קיין אָנפאַנג |
| לְרֵאשִׁיתוֹ: | צו זַיין אָנפאַנג. |
| הִנּוֹ | ער איז |
| אֲדוֹן עוֹלָם | דער הער פון דער וועלט; |
| לְכָל נוֹצָר | צו יעדע בעשעפענים |
| יוֹרֶה גְדֻלָּתוֹ | [12]לעהרט ער זַיין גרויסקַייט |
| וּמַלְכוּתוֹ: | און זַיין הערשאַפט. |
| שֶׁפַע נְבוּאָתוֹ | דם איבערפלס פון זַיין פּרפציהונג |
| נְתָנוֹ | האט ער [עס] געגעבען |
| אֶל אַנְשֵׁי סְגֻלָּתוֹ | [13]צו די מענער פון זַיין וואַהל |
| וְתִפְאַרְתּוֹ: | [14]און זַיין הערליכקַייט. |
| לֹא קָם | עס איז ניט אויפגעשטאַנען |
| כְּיִשְׂרָאֵל | אין ישראל |
| כְּמֹשֶׁה עוֹד, | ווי משה נאָך איינער, |
| נָבִיא | אַ פּראָפעט, |
| וּמַבִּיט | וועלכער האָט געבּליק |
| אֶת תְּמוּנָתוֹ: | אויף זַיין געשטאַלט. |
| תּוֹרַת אֱמֶת | לעהרע פון וואַהרהייט |
| נָתַן לְעַמּוֹ אֵל | הט גאט געגעבען צו זַיין פאָלק |
| עַל יַד נְבִיאוֹ | דורך די האַנד פון זַיין פּרפעט |

1) און דער (צווייג) [ב]עבענדער איז מיין ערלייזער; און מיין ערלייזער לעבט. 2) און דער פערז (בעשטעפער) איז מיין טהייל. 3) פאהנע. 4) [ה]עלטעניס. 5) שיקזאל. 6) גרויס איז. 7) געריהמט. 8) ד. ה. זיין דאזיין איז ניט בעשרענקט פון דער צייט. 9) איי[נהייט]. 10) אונזיכטבאר; אונבעגרייפליך. 11) מיר קענען ניכטס פערגלייכען צו איהם (אין) זיין הייליגקייט. 12) ווייל ג[...] צו זיינע געליבטע און פערהערליכטע מענער.

